# קאנסטיטושי׳ן

פון דיא

## יוניטעד מינסקער
## בענעוואלענט אסס"ן



געגרינדעט דען 8טען אקטאבער 1903

# Constitution

OF THE

# United Minsker Ben. Ass'n.

ORG OCTOBER 8TH 1903

## געשעפטס אָרדנונג:

1. ערוועהלונג פון טשערמאַן און וויים טשערמאַן
2. ערעפנונג דער פערזאַמלונג
3. פאָרלעזען די נעמען פון די בעאַמטע
4. פאָרלעזען דעם פּראָטאָקאָל פון לעצטען מיטינג
5. פאָרלעזען דעם פּראָט. פון דירעקטאָרען מיטינג
6. איינפיהרונג פון נייע מיטגלידער
7. קראַנקע און שבעה באַריכטען
8. קאָמיטעען באַריכטען
9. פאָרלעזונג פון צושריפטען
10. אונערליידיגטע געשעפטען
11. צום וואָהל און בעסטען פון פעראיין
12. איינגאַהמע און אויסגאַבע
13. שליסען די פערזאַמלונג.

# אינהאלט פערצייכנעס

### אַרטיקעל 1.

## נאָמען, צוועק און שפּראַכע.

1. דיזער פעראיין טראָגט דעם נאָמען **יונייטעד מינסקער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן**. דיזער נאָמען קען קיינמאָל ניט געענדערט ווערען.

2. דער צוועק פון דיזען פעראיין איז פּריוויליגע, געגענזייטיגע אונטערשטיצונג אין קראַנקהייט, שבעה, נויט און שטערבע-פּעלע

3. די ביכער פון דיזען פעראיין ווי אויך אַלע פערהאַנדלונגען זאָלען אין דער אידישער שפּראַכע געפירט ווערען, דאָך קען איינער ריידען אין אַנ'אנדער שפּראַכע ווען ער וויל.

### אַרטיקעל 2.

1. דיזער פעראיין האָט פאָלגענדע פערזאַמלונגען: רעגעלע, גענעראַלע און ספּעציעלע.

2. די רעגעלע פערזאַמלונגען זאָלען שטאַטפינדען צוויי מאָל אין מאָנאַט, אין אַזעלכע אַבענדען וועלכע דער פעראיין וועט באַשטימען.

3. די גענעראַל פערזאַמלונגען זאָלען פיערטעל יעהרליך שטאַטפינדען ביי דעם ערשטען מיטינג פון יאַנואַר, אַפּריל, דזשוליי און אָקטאָבער פון יעדען יאָהר.

4. ספּעציעלע פערזאַמלונגען קענען איינבערופען ווערען דורך דעם באַשלוס פון פעראיין, אָדער דורך דעם באַשלוס פון די דירעקטאָרען, און אויך אויף דעם פערלאַנג פון 25 גוטשטעהענדע מיטגלידער, ווען זיי פאָדערען עס שריפטליך פון דעם פּראָטאָקאָל סעק־רעטער.

5. פון די 25 מיטגלידער מוזען אָבער ניט וויי־ניגער ווי צוויי דריטעל אַנוועזענד זיין ביים ספּעציעל מיטינג, ניט שפּעטער ווי אַ האַלבע שטונדע נאָך דער געזעצליכער צייט צום עפענען דעם מיטינג, זאָנסט דאַרפען די אבוועזענדע פון די 25 ליידען די עקספּענ־סעס פון דעם מיטינג, און דער מיטינג קען ניט גע־עפענט ווערען.

6. קיין פערזאַמלונג קען ניט ערעפענט ווערען מיט וויניגער ווי 25 מיטגלידער אַנוועזענד.

7. פערזאַמלונגען זאָלען ערעפענט ווערען אום 8 אוהר אַבענדס.

8. אום פרייטאָג אבענד ווי אויך אין אַלע אידי־שע ימים טובים זאָלען קיינע פערזאַמלונגען שטאַט־פינדען.

אַרטיקעל 3.

# בעאַמטע.

1. דיזער פעראיין האָט קיין פרעזידענט אָדער וויים פרעזידענט, נור ביי יעדער פערזאַמלונג זאָלען די מיטגלידער פון זיך ערוועהלען אַ טשערמאַן און וויים טשערמאַן. די יעניגע וועלכע האָבען די העכ-סטע צאָהל שטימען זאָלען טשערמאַן און וויים טשערמאַן זיין.

2. דער ברודער וואָס איז ניט געווען אַנוועזענד ביים פאָריגען רעגעלען מיטינג קען ניט ערוועהלט ווערען אַלס טשערמאַן.

3. קיין מיטגליד קען ערוועהלט ווערען אַלס טשערמען צוויי מיטינגען איינעם נאָכ׳ן אַנדערען זאָנ-דערן ער מוז איין מיטינג דורכלאָזען. נאכהער קען ער ערוועהלט ווערען נאָך אַמאָל.

4. די בעאַמטע פון דיזען פעראיין זיינען : דירעק-טאָרען, טראָסטיעס, טרעזשורער, צוויי סעקרעטערע, האָספיטעלער, צוויי קעשיערס און אינערע און אויסע-רע-וואכע.

5. אַלע בעאַמטע זאָלען ערוועהלט ווערען נור פאַר 6 מאָנאַטען.

6. די וואַהלען זאָלען שטאַטפינדען ביי אַ ספע-ציאל מיטינג צווישען דעם 5טען און לעצטען מיטינג פון קוואַרטאַל יוני און דעצעמבער.

## אַרטיקעל 4.

1. נאָמינײשאָן פאַר בעאַמטע זאָלען שטאַטפינדען מיט צװײ מיטינגען בעפאָר װאַהל, עס מוזען ערשטע און צװײטע נאָמינײשאַנס פאַר יעדען אַמט אויף צװײ מיטינגען שטאַטפינדען און צום דריטען מיטינג זאָל װאַהל שטאַטפינדען.

2. אַבװעזענדע מיטגלידער קענען ניט נאָמינירט, אָדער עלעקטעד װערען פאַר קײן אַמט.

3. אַ מיטגליד קען פיר יעדען אַמט נאָמינירט װערען, אָבער ער קען נור אײן אַמט אָננעהמען, װען נור ער איז גוטשטעהענד.

4. אַ מיטגליד װעלכער איז קײנע זעקס מאָנאַטען אין פעראײן קען ניט ערװעהלט װערען פאַר קײן אַמט.

5. קײן באַצאָהלטער בעאַמטער קען ניט װידער ערװעהלט װערען צו אַ באַצאָהלטען אַמט, זאָגאַר פון אײן באַצאָהלטען אַמט פאַר אַ צװײטען, מעהר װי צװײ טערמינען אײנע נאָך די אַנדערע, זאָנדערען ער מוז אײן טערמין דורכלאָזען, אָבער אויב דער זעלבער בעאַמטער װערט אָפּגעשטימט דורך סיקרעט באַלאָט דורך אַ מאַיאָריטעט פון דרײ פערטעל אַנװעזענדע מיטגלידער אַז ער זאָל קענען לויפען אַ דריטען טערמין, דאַן װערט ער צוגעלאָזען צו לויפען פאַר דיזען אַמט אויף װײטער.

6. דער סעקרעט באַלאָט זאָל אין אַזאַ פאַל גע־פיהרט ווערען אויף פאָלגענדען אופן: עס זאָלען אויס־געטיילט ווערען צעטלען צו די מעמבערס מיט דער פראַגע צי זאָל דער געוויסער בעאַמטער קריגען דאָס רעכט צו לויפען ווידער פאַר'ן אַמט.: „יע" אָדער „ניין". און די מעמבערס זאָלען אויסמעקען וועלכען וואָרט זיי ווילען.

6. נאָהענטע פערוואַנדטע ביז אַ קאָזין און אויך אַ קאָזין, שוואָגערס און איידעמס זאָלען קיין באַ־צאָהלטע בעאַמטע זיין אין זעלבען טערמין.

8. דירעקטאָרען זאָלען ערוועהלט ווערען ניט וויניגער ווי פינף מיטגלידער פון יעדער הונדערט מיטגלידער וואָס בעלאַנגען צו דיזען פעראיין אין צייט פון עלעקשאָן.

9. די וואַהלען פאַר באַצאָהלטע בעאַמטע: טרע־זשורער און טראָסטיעס, זאָלען דורך שטימצעטלען שטאַטפינדען און די מאַיאָריטעט פון שטימען זאָל ענטשיידען ווער עס איז ערוועהלט געוואָרען. דירעק־טאָרען קענען דורך הענט אָפשטימונג אויך ערוועהלט ווערען.

10. דער טשערמאַן און וויס טשערמאַן זאָלען אַפּאָינטען 5 וואַהל ריכטער בעפאָר דער וואַהל, זייער פליכט איז אויפצופאַסען דאָס די שטימצעטלען זאָלען אָפּגעגעבען ווערען ריכטיג, און נאָך דער וואַהל צעה־

לען די שטימען, לויט זייער באַריכט זאָל דער טשער-מאַן ערקלעהרען פיר די ברידער, ווער עס האָט די מעהרסטע שטימען און אין דער זעלבער צייט ערקלע-רען דעם זעלבען אַלס געזעצליך ערוועהלטען.

11. ביי די צווייטע נאָמינײישאָן זאָל דער טשער-מאַן אָנפרעגען די נאָמינירטע קאַנדידאַטען אויב זיי זיינען וויליג אָנצונעהמען די עמטער.

12. אויף יעדען שטימצעטעל זאָל דייטליך זיין אויפגעשריבען דער נאָמען פון קאַנדידאַט פאַר וועמען מען געהט שטימען.

13. דער סעקרעטער זאָל פריהער פאָרלעזען די נעמען פון די נאָמינירטע קאַנדידאטען פאַר די באַ-שטימטע עמטער, און נאכהער זאָלען אַלע אנוועזענדע מיטגלידער זייערע שטימצעטלען אָפּגעבען.

14. נאכדעם ווי די שטימקאַסטען ווערט ערקלערט פאַר געשלאָסען קען קיינער מעהר ניט שטימען.

15. ווען די וואַהל ריכטער געפינען אויס, אַז א ברודער האָט צוויי שטימצעטלען אָפּגעגעבען, זאָלעןביידע צעטלען אַלס ניט גילטיג ערקלערט ווערען.

16. בעפאָר דער וואַהל זאָל מען איבערצעהלען ווי-פיעל ברידער עס זיינען אַנוועזענד ביי'ם שטימען, און נאכהער זאָלען די וואַהל ריכטער נאָכזעהן אויב די צאָהל צעטלען שטימען מיט דעם צאָהל אַנוועזענדע.

17. אין פאַל ווען קאַנדידאטען פאַר איין אַמט קרי-

גען א גלייכע צאָהל שטימען זאָל צווישען זיי אַ גורל שטאַטפינדען.

18. ווען די וואַהל איז צו ענדע און איינ׳גע ברי־דער פראָטעסטירען דאָס די שטימצעטלען זיינען ניט געצעהלט געוואָרען ריכטיג אָדער דאָס יעמאַנד האָט צוויי צעטלען מיט אַמאָל אָפּגעגעבען, זאָל דער פּראָ־טעסט צום זעלבען אבענד שריפטליך צוגעשטעלט ווערען צו די וואַהל ריכטער, און ווען דער פּראָטעסט צייגט זיך ארויס אַלס ריכטיג, זאָלען די ברידער דורך אַ מאַיאָריטעט, ענטשיידען ווי עס זאָל פּאַסירען.

19. נאָך דעם וואַהל אבענד זאָלען קיינע פּראָטעס־טען אָנגענומען ווערען און די וואַהל בלייבט געזעצ־ליך.

20. קיין מיטגליד זאָל זיך זעלבסט אַלס בעאַמטען נאָמינירען.

21. אַלע בעאַמטע זאָלען אינסטאַלירט ווערען אויף דעם ערשטען מיטינג נאָך דער וואַהל.

22. דער יעניגער וואָס איז ניט גוטשטעהענד קען ניט אינסטאַלירט ווערען אַלס בעאַמטער זאָלאַנג ער באַצאָהלט ניט זיינע שולדען אין פעראיין.

ארטיקעל 5.

## פליכטען פון בעאַמטע.

### ט ש ע ר מ אַ ן.

1. דער טשערמאַן איז פאַרפליכטעט אַלע פער-

האַנדלונגען פון מיטינג צו פיהרען אויף אַ געזעצליכען אַרט נאָך די רעגעלען פון קאָנסטיטושאָן.

2. ער דאַרף אונטערשרייבען די ליסטען, אויך די אָרדערס וועלכע דער פּראָטאָקאָל סעקרעטער גיט אַרויס צום טרעזשורער פיר אַלע אויסצאַהלונגען פון פעראיין, ווי אויך פיר בענעפיט אויסצאַהלונגען א. ד. גל. וועלכע זיינען פון פעראיין באַשטימט געוואָרען אויסצוצאָהלען דיזען אבענד.

3. ער דאַרף און מוז שטראַפירען מיטגלידער פיר אונגעזעצליכע האַנדלונגען.

4. ער מוז אויפפּאַסען אויף די אָפּשטימונג עס זאָל ריכטיג געפיהרט ווערען.

5. ער מוז אויך זעהען דאָס אלע בעאמטע זאָלען זייער פליכט אויך ריכטיג ערפילען.

6. ער טאָר קיין אונגעזעצליכען פאָרשלאג אָננעמען פון קיינעם.

7. ער דאַרף געבען יעדען ברודער דאס וואָרט נאָך די רייהע, אונפּאַרטייאיש.

8. ביי׳ם איינפיהרונג פון נייע מיטגלידער, צו זאָגען זיי דאָס זיי זיינען פאַרפליכטעט נאָכצוקומען אונזערע געזעצע.

9. פון אַלע קאָמיטעען צו אַפּאָינטען צוויי דריטעל.

## וויים טשערמאַן.

1. דער וויים טשערמאן איז פאַרפליכטעט צו העלפען דעם טשערמאַן אין זיינע פליכטען אַז אלעס זאָל צוגעהען אין בעסטען אָרדנונג און פון יעדער קאָ־מיטע איין דריטעל אַפּאָינטען.

## פּראָטאָקאָל סעקרעטער.

1. דער פּראָטאָקאָל סעקרעטער איז פאַרפליכ־טעט צו איינבאַרופען אַלע רעגעלע און ספּעציעלע פאַרזאַמלונגען ווי אויך די מיטינגען פון די באָארד אָף דירעקטאָרס.

2. ער דאַרף שיקען אַלע קאָמיטעען, מיט די אויסנאַהמע פון קראַנקע און שבעה קאָמיטעען.

3. ער מוז ביייוואָהנען יעדער פאַרזאַמלונג און ריכטיג פאַרשרייבען אַלעס וואָס עס ווערט פאַרהאַנ־דעלט ביי די מיטינגען פון דיזען פעראיין. אויך די איינגאַהמע און אויסגאַבע פון יעדען מיטינג אין פּראָ־טאָקאָל צו פאַרצייכענען.

4. ער דאַרף אויסמאַכען אפּליקיישאָנס פאַר די נייע קאַנדידאטען און אַכטונג געבען דאָס די פאָר־שלאגס געלט זאָל איינגענומען ווערען פון יעדען אפּ־ליקאַנט.

5. ער דאַרף פאָרלעזען צושריפטען פון מיטגלידער און דאָקטאָר אַטעסטען פון קאַנדידאַטען.

6. ער זאָל האָבען אַ שטראפע ליסטע, און נאָך

יעדען מיטינג צו פארשרייבען אויף יעדען ברודער וועלכער ווערט באשטראָפט פון טשערמאן אָדער דורך אַ פרידענס קאָמיטע, און ביי יעדען אָנפאנג פון קוואַרטאַל צו שיקען די ליסט צום פינאַנס סעקרעטער, דאָס זעלבע מוז פאַרשריבען ווערען אין פראָטאָקאָל פון מיטינג וועלכער ברודער עס איז שטראַפירט געוואָרען און פיר וועלכע אורזאַכע.

7. נאָך יעדען ערשטען מיטינג אין קוואַרטאַל זאָל ער איינבאַרופען אַ פינאַנס קאָמיטע וועלכע דער טשערמאן און וויים טשערמאן וועלען אפאָינטען צו אונטערזוכען די ביכער און פינאַנס אַנגעלעגענהייטען פון פעראיין פון פאַרגאַנגענעם קוואַרטאַל.

8. ער מוז אויך אַנוועזענד זיין ביי די אונטערזוכונגען פון די פינאַנס קאָמיטע און מיטברייגגען דעם פראָטאָקאָל בוך.

9. ער מוז אַלע ביכער און נעטיגע פאַפירען פון פעראיין צו זיין נאכפאָלגער אין גוטען אָרדנונג איבערגעבען.

פ י נ אַ נ ס  ס ע ק ר ע ט ע ר.

1. ער מוז יעדער פאַרזאַמלונג ביווואָהנען.

2. ער זאָל די איננאַהמע און אויסגאַבע ריכטיג נאָטירען.

3. ער דאַרף דעם קאַסע-בוך און קאָנטע בוך פינקטליך פיהרען.

4. צום יעדען ערשטען און פערטען מיטינג פון קוואַרטאַל אַרויסשיקען נאָטיס צו די מיטגלידער מיט דעם רעכענונג פון יעדענס שולדען.

5. צום פינפטען מיטינג פון יעדען קוואַרטאַל אַרויסשיקען רעדזשיסטרירטע לעטערס מיט 4 טעג בעפאָר דעם מיטינג צו אַזעלכע מיטגלידער וועלכע זיינען ריקשטענדיג אין זייערע שולדען צום פעראיין.

6. ער זאָל אַם ענדע פון יעדען קוואַרטאַל אויס־מאַכען אַ פינאַנס רעפּאָרט פון די איינגאַהמע און אויסגאַבע פון דעם גאַנצען קוואַרטאַל, און נאכהער ווי דאָס וועט אונטערזוכט ווערען פון די פינאַנס קאָ־מיטע זאָל ער דאָס פאָרלעזען פיר די ברידער.

7. ביי'ם שטרייך־אַבענד פון יעדען קוואַרטאַל זאָל ער פאָרלעזען די נעמען פון די יעניגע וועלכע דאַרפען געשטריכען ווערען דיזען אבענד ווי אויך פאַר וועלכע סומען.

8. ער זאָל אַלע אָפיציעלע שריפטען און רעסיטס מיט דעם זיגעל פון פעראיין שטעמפּלען, אויסמאַכען באַזונדערע ליסטען צום טרעזשורער פיר אלע אויס־גאַבען און מיט זיין האַנט באַשטעטיגען.

9. ער דאַרף אויך זעהן אַז די ליסטען זאָלען אונ־טערשריבען ווערען פון טשערמאַן פון מיטינג און פון די טראָסטים.

10. ער מוז אַלע ביכער ווי אויך די אַנדערע זאַ-

כען וואָס באַלאַנגען צום פעראיין צו זיין נאכפאָלגער אין גוטען אָרדנונג איבערגעבען.

## האָספיטעלער.

1. ווען א מיטגליד מעלדעט זיך צו איהם קראַנק מוז ער איהם דעם ערשטען טאָג אליין באַזוכען.

2. אויב ער געפינט דעם מיטגליד קראַנק זאָל ער ביי איהם איבערלאָזען אַ ליסט און שיקען יעדען טאָג אַ מיטגליד צו איהם אַלס קאָמיטע און אָנזאָגען די קאָמיטע זיי זאָלען זיך אונטערשרייבען אויף דער ליסט און אויך באַמערקען די קאָמיטע אַז אויב זיי וועלען ניט אַטענדען איז 50 סענט שטראָף.

3. אויף דעם פינפטען טאָג פון יעדער וואָך זאָל ער צו איהם שיקען דעם פעראיין דאָקטאָר.

4. דעם לעצטען טאָג פון דער וואָך זאָל ער איהם ווידער באַזוכען און צונעהמען פון איהם די ליסטע און אויב ער איז נאָך קראַנק זאָל ער איהם א נייע ליסטע איבערלאָזען.

5. ווען א מיטגליעד איז קראַנק און לויט דעם דאָקטאָר'ס מיינונג דאַרף די קראַנקהייט איהם ניט צוריק האַלטען אין הויז, זאָנדערען ער קען אויך ארויס אין גאַס, דאַרף דער האָספיטעלער צו איהם קיינע קאָמיטעס שיקען, זאָנדערן ער דאַרף איהם אויפפאָדערען טעגליך צום האָספיטעלער אָדער צו וועמען ער וועט איהם אָנצייגען זיך צו מעלדען, און אויף דעם

5טען טאָג שיקען איהם צום דאָקטאָר.

6. ער זאָל שבעה קאָמיטעען שיקען, און צו דער זעלבער צייט איופמערקזאַם מאַכען די קאָמיטע דאָס פאַר ניט אַטענדען איז 50 סענט שטראף.

7. ווען א ברודער אָדער זיין פרוי שטאַרבט מוז ער 100 לעטערס ארויסשיקען צו מיטגלידער נאָכ׳ן נעקסט דאָס זיי זאָלען קומען צו דער לויה, און אויפ־מערקזאַם מאַכען די ברידער פאַר ניט אַטענדען איז אַ דאָלאר שטראף.

ק ע ש י ר ס.

1. זיי דאַרעפן ביי יעדען פאַרזאַמלונג נעמען די געלדער פון די מיטגלידער און געבען זיי אַ רעסיט, אַם ענדע מיטינג זאָלען זיי אַלע קאָלעקטירטע געלדער איבערגעבען צום טרעזשורער, און דער טרעזשורער זאָל מיט זיין האַנט אונטערשרייבען אין אַ בוך פיעל געלט ער האָט ערהאַלטען און די ריינע קאַסע ביכער איבערגעבען צום פינאַנס סעקרעטער.

2. זיי דאַרפען פון די רעסיטס ביכער איבער־שרייבען אין ריינע ביכער.

3. זיי זאָלען פאָרזיכטיג זיין דאָס זייערע ביכער זאָלען אימער געפיהרט ווערען אין גוטען אָרדנונג, און זאָלען אימער שטימען מיט דעם קאַסע בוך וועל־כער ווערט געפיהרט פון פינאַנס סעקרעטער.

4. זיי דאַרפען זיין פון אָנפאַנג ביז ענדע יעדען

מיטינג, אויך דאַרפען זיי זיין ביי דער אונטערזוכונג
פון דער פינאַנס קאָמיטע.

טרעזשורער.

1. ער דאַרף נאָך יעדען מיטינג איבערנעמען
פון די קעשירס די איינגענומענע געלט און זיי דאַפיר
אַ רעסיט געבען.

2. קיינע ליסטען פון די באַשטימטע אויסגאַבען
זאָל ער אָהן דער אונטערשריפט פון פינאַנס סעקרע־
טער, טראַסטיס און טשערמאן פון מיטינג ניט אויס־
צאָהלען אויך אָהן די אָרדערס פון פראָטאָקאָל סעק־
רעטער און טשערמאן.

3. ער דאַרף אימער די באַנק ביכער מיט אַלע
ווערטה פאַפירען אין זיכערהייט האַלטען, אויף דעם
פאַרלאַנג פון די מאָנאַטליכע דירעקטאָרען אָדער דער
פינאַנס קאָמיטע דאַרף ער די באַנק ביכער צייגען, ער
מוז אלע געלדער אין אַזאַ באַנק דעפּאָנירען וואָס דער
פעראיין וועט באַשטימען.

4. בעפאָר ער ווערט אינסטאָלירט מוז ער געבען
די סומע וועלכע דער פעראיין וועט באַשטימען אַלס
סעקיוריטי.

5. מעהר ווי 500 דאָלאַר זאָל קיין מאָל ביים טרע־
זשורער ניט זיין אין האַנט, נור ער מוז דעפּאָנירען
אין די באַנק אויף דעם נאָמען פון פעראיין דעם נעכ־
סטען טאָג נאָך דעם מיטינג.

6. ער מוז אַלע מיטינגען בייוואהנען און דעם באַנק בוך אימער מיטברייינגען.

7. ווען דער טרעזשורער גיט איבער זיין אַמט זאָל ער אַלעס וואָס געפינט זיך אין זיין באַזיץ, וועלכע עס בעלאַנגט צום פעראיין, איבערגעבען זיין נאָכפאָל־גער מיט די קאָנטראָלע פון די טראָסטיעס און פינאַנס סעקרעטער, ווען ער טוט עס ניט קען ער באַשטראָפט ווערען לויט אַרטיקעל 11 — 30.

8. ביי'ם איבערגעבען זיין אַמט באַקומט ער זיין סעקיוריטי צוריק ווען די קאַסע איז אין גוטען אָרד־נונג.

9. ער מוז יעדען פינאַנס אונטערזוכונג ביי־וואָהנען.

10. פיר זיין מיה צו האַלטען די קאַסע אין גוטען אָרדנונג, זאָל ער צוויי דאָלאַר יעהרליך באַקומען, אויך זאָל ער געזעצליכען אינטערעסט באַקומען פיר דער סומע וואָס ער האָט אַלס סעקיוריטי געגעבען.

טראָסטיעס.

1. זיי דאַרפען ציהען די נעטיגע געלדער פון די באַנק וויפיעל עס ווערט באַשלאָסען ביי דעם פאָריגען מיטינג, זיי מוזען וויסען אויף וועלכען צוועק די געל־דער ווערען געצויגען פון די באַנק, זיי מוזען אכטונג געבען דאָס אַלע געלדער זאָלען ריכטיג אויסגעצאָהלט ווערען.

2. זיי דאַרפען אנוועזענד זיין צו אלע מיטינגען אויך צו דער פינאַנס קאָמיטע.

ד י ר ע ק ט אָ ר ע ן.

1. צו זאָרגען אין אלגעמיין פאַר דעם וואָהל אין פעראיין, זיי מוזען אלע 14 טעג אַ מיטינג פיר זיך אָפּ־האלטען אום צו באַשפרעכען די אינטערעסען פון פעראיין.

2. זיי מוזען זאָרגען דאָס די מיטינגען פון פער־איין זאָלען פינקטליך שטאַטפינדען, און ווען נייטיג איז א ספּעציאל פערזאַמלונג פון אלע ברידער פון פעראיין צו באַרופען, ווען א ברודער מעלדעט זיך אין נויט, וועלכע עס פאָדערט זיך שנעלע הילפע, האָ־בען זיי דאָס רעכט מיט צעהן (10) דאָלאר איהם צו שטיצען.

3. זיי מוזען אויפּפּאַסען דאָס די בעאמטע זאָלען ריכטיג און פינקטליך אַטענדען זייערע עמטער, זיי אָדער די מאָנאַטליכע דירעקטאָרען מיט די טראָסטיעס האָבען דאָס רעכט צו יעדער צייט נאָכצוזעהן די בי־כער פון די סעקרעטערע אויב אַלעס איז ריכטיג גע־פיהרט.

4. די מאָנאַטליכע דירעקטאָרען זיינען פאַרפליכ־טעט צוזאַמען צו קומען ווען דער האָספיטעלער מעל־דעט זיי פון אַ טויטען־פאַל, אַ נויט־פאַל אָדער אַן עק־סידענט פון אַ ברודער אָדער זיין פאַמיליע, זיי מוזען

אַלעס געגוי אונטערזוכען, און ריכטיג דאַפיר זאָרגען עס זאָל אַלעס געזעצליך אַטענדעט ווערען.

5. די דירעקטאָרען מוזען אנוועזענד זיין ביי יעדען דירעקטאָרען מיטינג און טענדען אַלע קאָמיטעס אין וועלכע זיי ווערען אפּאָינטעט. דירעקטאָרען וועלכע זיינען 2 מיטינגען איינע נאָך די אנדערע אַבוועזענד ווערען געשטראָכען אַלס דירעקטאָרען, אָבער אויב איינער קומט צום דריטען מיטינג און גיט אָן אַ ריכטיגע אורזאַכע פיר זיין אַבוועזענד זיין, און די דירעקטאָרען אנערקענען די אורזאַכע פיר ריכטיג דאַן ווערט ער צוריק אַ דירעקטאָר.

### א י נ ע ר ע ו ו אַ כ ע.

1. ער מוז ביי יעדע פערזאַמלונג אנוועזענד זיין און ביי די טיר וואַכע צו האַלטען, קיין פרעמדע פערזאָן אָדער קאָמיטע ניט אריינלאָזען אָהן די ערלויבניס פון טשערמאַן. אַוועקגעהן פון טיר אָהן די ערלויבניס פון טשערמאַן איז איהם ניט ערלויבט.

2. ער דאַרף דער ערשטער צום מיטינג ערשיינען און דער לעצטער דעם לאָקאַל פאַרלאָזען.

3. אַלע אָרדערס פון טשערמאַן, דירעקטאָרען און סעקרעטערע פינקטליך אויסצופיהרען.

### אַרטיקעל 7.

## אויפנאַהמע פון נייע מיטגלידער.

1. יעדער פערזאָן וועלכער ווינשט צו ווערען אַ

מיטגליד פון דיזען פעראיין זאָל ניט זיין אינגער ווי 20 יאָהר און ניט זיין עלטער ווי 39 יאָהר. דערזעלבער ווי אויך זיין פאַמיליע מוזען געהערען צום אידישען גלויבען און פון אַ גוטען מאָראַלישען כאַראַקטער. ער דאַרף זיך אנשטענדיג אויפפיהרען אין פאַמיליע און געזעלשאַפט. ער מוז זיין קערפערליך און גייסטיג געזונד. דאַרף זיך און זיין פאַמיליע אנשטענדיג ערנעהרען און מוז אַמווענינגסטען זיין 6 מאָנאַט אין לאַנד.

2. קאַנדידאַטען קענען פאָרגעשלאָגען ווערען נור פון מיטגלידער פון פעראיין, דער פאָרשלאגער מוז איין דאָלאר פאָרשלאגס געלט איינצאהלען און אַ שריפטליכען אַפּליקיישאָן אריינברייגנען. אי ןדעם אפּליקיישאָן מוז זיין דער עלטער, באַשעפטיגונג, סינגעל אָדער פאַרהייראַט, די אַדרעסע, געבורטס פלאַץ פון אַ קאַנדידאַט, און דער נאָמען פון פאָרשלעגער.

3. קאַנדידאַטען וואָס זיינען ניט מל זייערע קינדער, אָדער האָבען ניט געהייראַט כדת משה וישראל קענען אלס מיטגלידער אין דעם פעראיין ניט אָנגענומען ווערען.

4. פערהייראַטע קאַנדידאַטען ווען זייערע פרויען זיינען אין יוראָפּ אָדער אפילו היער אין אַמעריקא, קענען ניט אריינקומען אין דיזען פעראיין אַלס סינגל.

5. ווען אַ מעמבער ווערט אויפגענומען אין פער-

איין און עס שטעלט זיך נאכהער ארויס אַז ער האָט פאַרבאָרגען פון פעראיין אירגענד וועלכען פון דיזע פונקטען, אָדער ער האַנדעלט ניט אין אנקלאַנג מיט די פונקטען דאַן מוז ער נאָכדעם ווי ע סוועט באַוויזען ווערען, אויסגעשלאָסען ווערען פון פעראיין.

6. אַלע אַפּליקיישאָנס מוזען פאָרגעלעזען ווערען פיר א אָפענעם מיטינג פון די דירעקטאָרען.

7. יעדער קאַנדידאַט ווי אויך זיין פרוי מוזען פון פעראיינ׳ס דאָקטאָר אונטערזוכט ווערען אין דער אַנ־וועזענהייט פון איינעם פון דער אונטערזוכונגס קאָ־מיטע.

2. דער פאָרשלעגער אליין קען ניט אָננעהמען אין דער קאָמיטע צו אונטערזוכען זיין קאַנדידאט, אויך צום דאָקטאָר ניט פיהרען.

9. ווען אַ קאַנדידאַט איז גינסטיג ערקלעהרט געוואָרען פון די אונטערזוכונגס קאָמיטע און האָט אויך אַ גינסטיגען אַטעסט אריינגעבראַכט, זאָל ער צום נעכסטען מיטינג ערשיינען דורך די איינלאַדונג פון פראָטאָקאָל סעקרעטער אום אריינגעפיהרט צו ווערען אַלס מיטגליד פון דיזען פעראיין. ווען ער מעלדעט זיך ניט צום דריטען מיטינג נאָך דעם סעק־רעטערס נאָטיס פאַרלירט ער זיין זכות אַלס קאַנ־דידאַט־

10. איין אָפּגעוויזענער קאַנדידאַט קריגט זיינע

פאַרשלאגס-געלט צוריק, ווען אָבער דער קאַנדידאט וויל ניט געהן צום דאָקטאָר, אָדער ער ווערט ניט אריינגעפיהרט דורך זיין איגענע שולד, קען ער די פאָרשלאגס-געלט ניט באַקומען צוריק.

11. יעדער אָפּגעוויזענער קאַנדידאַט קען זיך נאָך אַ יאָהר צייט ווידער פאָרשלאָגען אין דיזען פעראיין.

12. ווען אַ קאַנדידאַט נאָך אַ יאָהר פון דער ער־שטער אפּוויזונג ווערט ווידער פאָרגעשלאָגען און ווערט אָפּגעוויזען דעם צווייטען מאָל קען ער מעהר אין דיזען פעראיין ניט פאָרגעשלאָגען ווערען.

13. קאַנדידאַטען וועלכע וואָהנען ווייטער ווי 5 סענט רייזע פון מאַנהעטען איילאַנד פון דער אנדער זייט פערי, קענען ניט פאָרגעשלאָגען ווערען אַלס מיטגלידער פון דיזען פעראיין. קאַנדידאַטען וועלכע וואָהנען אין גרייטער נויאָרק אָדער נוארק קענען זיך פאָרשלאָגען אַלס מיטגלידער אין דיזען פעראיין ווען זיי וואָהנען זאָגאַר ווייטער ווי 5 סענט רייזע פון מאַנ־העטען.

ארטיקעל 8.

## פאָרשלאגס-געלט, איינטריט געלט, דיוס און ענדאומענט.

1. פאָרשלאגס-געלט זאָל גענומען ווערען פון יע־דען קאַנדידאט איין (1) דאָלאַר.

2. איינטריטס-געלט פון קאַנדידאַטען זאָל גענו־

מען ווערען נאָך דעם באַשלוס פון פעראיין.

3. די פאָרשלאגס-געלט ווערט אריינגערעכענט אין די איינטריטס-געלט ביי דעם אריינפיהרען דעם קאַנדידאַט.

4. די איינטריט געלט מוז דער קאַנדידאַט אין פעראיין באַצאָהלען בעפאָר ער ווערט אריינגעפיהרט אין פעראיין.

5. אויסער די איינטריטס-געלט זאָל יעדער נייער מיטגליד מיט צוויי דאָלאַר געטעקסט ווערען פיר קרקע וועלכע ער דאַרף אויסצאָהלען אין די ערשטע 4 קוואַרטאַלען נאָך זיין אריינקומען אין פעראיין.

6. די רעגעלמעסיגע בייטראגע פון א מיטגליעד איז איין דאָלאר מיט פופציג סענט ($1.50) אַ קוואַר־טאַל, אָבער דער פעראיין האָט דאָס רעכט צו העכע־רען אָדער פאַרקלענערען די צאַהלונגען אויף אַ גע־זעצליכען אופן.

7. אין פאַל ווען א ברודער אָדער זיין פרוי שטאַרבט דאַרף יעדער ברודער טעקס צאהלען דורך אַסעסמענט פיר ענדאומענט, די טעקס מוז באַצאָהלט ווערען אין צייט פון 60 טעג, פון דעם טאָג וואָס דער טויטען-פאַל איז געמעלדעט געוואָרען צו די ברידער.

8. ענדאומענט טעקס זיינען פאַרפליכטעט צו צאָהלען זאָגאר די יעניגע מיטגליעדער וועלכע באַ־לאַנגען נאָך קיינע זעקס מאָנאַטען אין פעראיין, דאָס

זעלבע זיינען אַזעלכע ברידער אויך בּאַרעכטיגט צו נעהמען ענדאוּמענט פון דעם טאָג וואָס זיי קומען אריין אין פעראיין.

9. דיזער פעראיין האָט דאָס רעכט צו טעקסען מיטגלידער פיר נויטהווענדיגע צוועקען מיט איין מעלדונג אויף די נאָטיס פריהער, אָבער קיין מיטגליד קען געטעקסט ווערען מעהר ווי מיט 50 סענט דורך יעדען קוואַרטאַל.

10. די קוואַרטאַל בייטרעגע קען באַצאָהלט ווערען אין 3 מיטינגען נאָך דעם דזשענעראל מיטינג, צום פערטען מיטינג זאָל באַמערקט ווערען אויף די נאָטיס דאָס עס איז לעצטע איינצאָהלונג און צו דעם פינפטען מיטינג דאַרף דער פינאַנס סעקרעטער ארויסשיקען רעדזשיסטרירטע לעטערס צו די ברידער וואָס האָבען נית איינגעצאָהלט.

11. דער פינפטער מיטינג פון יעדען קוואַרטאַל איז שטרייך-אַבענד. אַלע מיטגלידער וועלכע זיינען נית גוטשטעהענד געוואָרען און נית באַצאָהלט אַלע שולדען, ווערען געזעצליך געשטראָכען אין דיזען אבענד. קיין מיטגליד קען נית געשטראָכען ווערען ווען דער פינאַנס סעקרעטער האָט איהם קיין רעדזשיסטרירטען בריעף נית געשיקט פריהער. א ברודער ווערט געזעצליך געשטראָכען מיט דעם רעסיט וואָס דער פּאָסט אָפיס גיט אַרויס ביי דעם אַרויסשיקען דעם לעטער.

ער בלייבט אויך געזעצליך געשטראָכען ווען זאָגאַר
זיין רעדזשיסטרירטער לעטער קומט צוריק און ער
האָט קיין אַנשפּרוך צום פעראיין.

12. מיטגליעדער וועלכע זיינען שולדיג אין פּער־איין ניט מעהר ווי אַ דאָלאר זאָלען ניט געשטראָכען ווערען, אויך קיין רעדזשיסטרירטען לעטער ניט שי־קען.

13. יעדער געשטראָכענער מיטגליד קען אריינקו־מען צוריק אין פעראיין דעם ערשטען מיטינג נאָכ'ן שטרייכען, נור דאַן ווען אַ מאַיאָריטעט אַנוועזענדע ברידער שטימען דאַפיר דאָס ער זאָל אָנגענומען ווע־רען, אויך ווען ער באַצאָהלט אַלע זיינע שולדען אין גאַנצען זאָגאַר פיר דעם רעדזשיסטרירטען לעטער.

14. ווען אַ מיטגליד ווערט געשטראָכען פאַר ניט צאָהלען וועלכע עס איז צאָהלונגען צום פעראיין, פּאַרלירט ער זיין רעכט פון אַלעס.

15. אַ געשטראָכענער מיטגליד וועלכער מעלדעט זיך אין פּאַרלויף פון (3) דריי מאָנאַטען נאָך דעם מי־טינג אויף וועלכען ער איז געשטראָכען געוואָרען, דאָס ער וויל ווערען אַלס אַלטער מיטגליד אויפגענומען, קען ניט אריינקומען צוריק אָהן איין אונטערזוכונגס קאָ־מיטע און איין דאָקטאָר אַטעסט פון איהם און זיין פרוי. ווען ער ווערט גינסטיג ערקלערט זאָל ער זיינע גאַנצע שולדען איינצאהלען ביז דעם טאָג וואָס מען

האָט איהם געשטראָפֿען און אויך דיוס פאַר די גאַנצע
צייט פון נאָכ'ן שטרייכען ביז יעצט איינצאהלען, בע־
פאָר ער ווערט אריינגעפיהרט אין פעראיין.

16. אַ מיטגליד וועלכער הייראַט אַ קריסטליכע
פרוי אָדער ער איז ניט מל זיינע קינדער, זאָל ער גע־
שטראָכען ווערען פון פעראיין און ער קען ניעמאלס
בעלאַנגען צוריק.

17. אַ געשטראָכענער מיטגליד קען זיך אַלס נייער
מיטגליד פאָרשלאָגען נאָכ'ן פערלויף פון דריי מאָנאַט
נאָכ'ן שטרייכען, דערזעלבער זאָל זאָגאַר פיר קרקע
אויך געטעקסט ווערען פון דאָס ניי.

ארטיקעל 9.

## פליכטען און רעכטע פון מיטגלידער.

1. עס איז די פליכט פון יעדען מיטגליד די פער־
זאַמלונגען צו באַזוכען אַזוי אָפט ווי מעגליך, זיך צו
באַטייליגען אין יעדע רזאַך וואָס עס איז פאַר וואָהל
און בעסטען פון פעראיין, די בעאַמטע געהאָרכזאַם
זיין, און ווען ער ווערט אַפּאָינטעט אַלס קאָמיטע
פינקטליך צו ערפילען זיינע פליכטען.

2. עס איז די פליכט פון יעדען מיטגליד די גע־
זעצע פון פעראיין פינקטליך צו היטען, קיין ברודער
צו באַליידיגען אָדער אונרעכט צו טאָן, ביי די מיטינ־
גען זיך רוהיג צו פערהאַלטען.

3. יעדער ברודער דאַרף זיינע דיוס, טעקסעס

ענדאומענט א. ז. וו. היטען צו צאָהלען פינקטליך און זיך געבען די מיה אַז זיינע קאָלעגען זאָלען אויך זיין אימער גוטשטעהענד.

4. ווען אַ מיטגליד וואָס באַלאַנגט שוין 6 מאָנאַט אין פעראיין און איז גוטשטעהענד, מעלדעט זיך קראַנק, איז ער באַרעכטיגט צו (5) פינף דאָלאר אַ וואָך קראַנקען בענעפיט, ווען עס ווערט באַשטעטיגט דורך אַן אַטעסט פון פעראיין דאָקטאָר דאָס ער איז קראַנק געווען. דיזען קראַנקען-בענעפיט דאַרף דער פעראיין צאָהלען צום קראַנקען מיטגליד ניט מעהר ווי (12) צוועלף וואָכען צייט פון דעם טאָג וואָס דער קראַנקער האָט זיך געמאָלדען צום פעראיין.

5. קיין מיטגליד קען העכער ווי (60) דאָלאר קראַנקען בענעפיט יעהרליך באַקומען, ד. ה. אַ ברודער וועלכער האָט שוין דיזען יאָהר זיין פולען קראַנקען בעניפיט געצויגען פון פעראיין קען ניט קריגען קיין קראַנקען-בענעפיט ביז די זעלבע דאַטום אין נעכסטען יאָהר. דער יאָהר פאַנגט זיך אָן פון דעם טאָג וואָס דער מיטגליד פאַנגט אָן נעהמען דעם בענעפיט.

6. אַ קאָמיטע פון 20 מיטגלידער זאָל אַפּוינטעט ווערען פון טשערמאַן און וויס טשערמאַן ביי יעדען רעגעלען מיטינג צו אונטערזוכען קראַנקע ברידער, און ווען דער האָספּיטעלער שיקט איינעם פון זיי צו אַ קראַנקען ברודער מוז ער אַטענדען און מעלדען

שריפטליך אָדער מינדליך צום נעכסטען רעגעלען מי-
טינג.

7. ווען א ברודער ווערט קראַנק זאָל ער מעלדען צום האָספּיטעלער. דעם האָספּיטעלערס פליכט איז צו שיקען אַ קאָמיטע טעגליך צו איהם און צו יעדען 5טען טאָג זאָל דער האָספּיטעלער שיקען צו איהם דעם פעראיין דאָקטאָר צו עקזאַמינירען איהם אויב ער איז ווירקליך קראַנק.

8. ווען אַ קראַנקער ברודער איז אונפעהיג צו אַרבייטער אָבוואָל ער קען אַרומגעהן, באַקומט ער זיין בענעפיט, מען ברויכט צו איהם קיינע קאָמיטעען צו שיקען, זאָנדערן ער מוז זיך יעדען טאָג פערזענליך מעלדען צום האָספּיטעלער אין די ארבייטס-שטונדען, אַ דאָקטאָר סערטיפיקייט מוז אָבער פון אַזעלכען יא צוגעשטעלט ווערען.

9. ווען אַ מיטגליד ווערט קראַנק אויף אַ כראָני-שע קראַנקהייט איז ער נור בּאַרעכטיגט צו (60) זעכ-ציג דאָלאר בענעפיט פיר (12) צוועלף וואָכען און ער קען זיך אויף די זעלבע קראַנקהייט מעהר ניט מעלדען זאָ לאַנג ער איז אַ ברודער. אין פאַל אַז אַ ברודער האָט געליטען אויף אַ כראָנישע קראַנקהייט נאָך בע-פאָר ער איז אריינגעטראָטען אין פעראיין קען ער זיך ניט מעלדען קראַנק אויף דיזער קראַנקהייט זאָגאר דעם ערשטען מאָל.

10. פיר אונמאָראַלישע קראַנקהייט צאָהלט דער פעראיין קיין קראַנקען בענעפיט.

11. ווען א ברודער איז קראַנק און אין דער זעל־בער צייט ווערט ער א אבל אָדער פאַרקעהרט, באַקומט ער נור איין בענעפיט ניט קיין צוויי.

12. קראַנקען בענעפיט ווערט געגעבען צו דעם יעניגען וועלכער איז קראַנק אַ גאַנצע וואָך, דער וואָס עס איז קראַנק ווייניגער ווי א וואָך איז צו קראַנקען בענעפיט ניט באַרעכטיגט.

13. ווען א קראַנקער ברודער ליגט אין האָספיטאל און ער מעלדעט זיך צום האָספיטעלער, זאָל צו איהם דער האָספיטעלער יעדער וואָך שיקען אַ קאָמיטע. דערזעלבער איז באַרעכטיגט צו קראַנקען בענעפיט אָהן אַ דאָקטאָר אַטעסט זאָ לאַנג ער איז אין האָספי־טאל, אָבער ניט מעהר ווי צוועלף וואָכען.

14. אַ מיטגליד וועלכער מופט אַוועק פון נויאָרק פאַר אַ לאַנגע צייט ווייטער ווי 25 סענט רייזע הין און צוריק מוז אין פאָראויס איינצאָהלען אין פעראיין פאַר צוויי קוואַרטאַלען דיוס און נעהמען פון פינאַנס סעקרעטער איין אָפּרייזע קאַרטע, אַזאַ מיטגליד איז באַרעכטיגט צו אלע בענעפיטס אויסער שטיצע, ער איז אויך ניט פאַרפליכטעט צו צאָהלען קיינע טעקס. אום צו קריגען קראַנקען בענעפיט מוזען אַזעלכע ברי־דער צושטעלען אַ דאָקטאָר סערטיפיקייט באַשטע־

טיגט פון אַ נאָטאַריוס.

15. אין פאַל אַז די קאַסע פון פעראיין וועט באַשטעהן ווייניגער ווי 500 דאָלאר דאַן ווערען אלע בענעפיטס געשלאָסען. דער פינאַנס סעקרעטער מוז אָבער דיזעס ביים ערשטען מיטינג מעלדען, אום צו געפינען א מיטעל ווי די קאַסע צו דערהויבען ביז די אויבענדערמאָנטע סומע.

16. ווען אַ מיטגליד איז אין נויט און ער ווענדעט זיך פערזענליך אָדער שריפטליך צום רעגעלען מיטינג נאָך שטיצע זאָל גלייך אַ קאָמיטע אפּאָינטעט ווערען אום אויסצוגעפינען ווי ווייט די לאַגע פון מיטגליעד איז קריטיש. דער מיטינג האָט אָבער דאָס רעכט צו שטיצען דעם ברודער גלייך מיט 10 דאָלאַר. די קאָמיטע דאַרף אָפּגעבען איהר באַריכט צום דירעקטאָרען מיטינג. ווען דער באַריכט פון דער קאָמיטע לויטעט דאָס דער מיטגליעד איז ווירקליך זעהר אין אַ שלעכטע לאַגע און ער נויטיגט זיך אין מעהר ווי אין 10 דאָלאר מוז דער פאַל געמעלדעט ווערען אוף די נאָטיס צום נעכסטען מיטינג מיט דעם ריכטיגען נאָמען פון דעם ליידענדען מיטגליד און ער ווערט געשטיצט לויט דעם באַשלוס פון פעראיין. דער נויטליידענדער מיטגליד קען זיך אויך מעלדען צו דעם דירעקטאָרען מיטינג און די דירעקטאָרען דאַרפען אַ קאָמיטע פון זיך אפּאָינטען צו אונטערזוכען די לאַגע פון מיטגליד און

באַריכטען צום נעכסטען רעגעלען מיטינג און אָויב דער מיטגליד איז ווירקליך אין גרויס נויט האָט די באָארד אָף דירעקטאָרס דאָס רעכט צו שטעלען אויף די נאָטיס צום נעכסטען רעגעלען מיטינג צו פער־האַנדלען. אויך האָבען די באָארד אָף דירעקטאָרס דאָס רעכט צו שטיצען דעם מיטגליד מיט 10 דאָלאר. אַ פאָרשלאג צו שטיצען דעם מיטגליד מיט מעהר ווי דער רעפּאָרט פון דער קאָמיטע קען ניט אָנגענומען ווערען.

17. יעדער ברודער וועלכער ווערט געשטיצט דורך אַ טעקס וואָס עס ווערט אַרויםגעוואָרפען אויף אַלע מיטגלידער זאָל פון דער קאַסע ערהאַלטען די באַ־שטימטע סומע גלייך ביי דעם זעלבען מיטינג. דער פינאַנס סעקרעטער זאָל צושרייבען דיזען טעקס צו די שולדען פון יעדען ברודער צום נעכסטען קוואַרטאַל.

18. איין ברודער וועלכער זיצט שבעה זאָל זיך מעלדען צום האָספּיטעלער, און דער האָספּיטעלער זאָל צו איהם שיקען יעדען טאָג אַ קאָמיטע. ווען די קאָ־מיטע באַריכטען דאָס ער איז שבעה געזעסען זאָגאַר ניט מעהר ווי 3 טעג איז דער ברודער באַרעכטיגט צו 5 דאָלאר שבעה געלט.

19. יעדער גוטשטעהענדער מיטגליד האָט דאָס רעכט ביי זיין לעבען איינצוטיילען זיין ענדאומענט אין אַ צואה. די צואה דאַרף אָבער זיין געמאַכט לויט

נאָך די געזעצע פון די סטייט אָף נויאָרק און די פער־אייניגטע שטאַאטען פון אַמעריקא, זאָנסט ווערט זי פון פעראיין ניט אַנערקענט. ווען דער ברודער בלייבט גוטשטעהענד ביז זיין ענדע און די צואה איז געמאַכט געוואָרען געזעצליך און אַנערקענט פון סאַראָגייטס קאָורט, טאָר דער פעראיין ניט משנה זיין צואת המת, אָבער די צואה אָדער אַ באַשטעטיגטע קאָפּיע מוז צוגעשטעלט ווערען צום פעראיין אין פאַרלויף פון 90 טעג פון דעם טאָג וואָס דער טויטען־פאַל איז געמעלדעט געוואָרען. ווען אָבער מען האָט די צואה אָדער די געזעצליכע באַשטעטיגטע קאָפּיע ניט צוגעשטעלט צום פעראיין אין פאַרלויף פון 90 טעג, מעג דער פעראיין אויסצאָהלען דעם ענדאומענט צו די באַרעכטיגטע פערזאָנען, לויט אַרטיקעל 10, פּאַראַגראַף 7 און 9 לויט דיזע קאָנסטיטושאָן, און קיין קליים קען געגען דעם פעראיין געמאַכט ווערען.

אַרטיקעל 10.

## שטערבע פעלע.

1. ווען אַ ברודער פון פעראיין אָדער זיין פרוי שטאַרבט אין נויאָרק זאָל די לויה און די באַערדיגונג נאָכ'ן אידישען דין דורכגעפיהרט ווערען. דער פעראיין איז פאַרפליכטעט צו געבען אַ פרייען באַערדיגונגס פּלאַץ איין לייכען וואָגען און צוויי קערעדזשעס פיר די פאַמיליע, אויך אַלע נויטווענדיגע אויסגאַבען

וועלכע מען דאַרף אין אַזאַ פאַל.

2. ווען א ברודער אָדער זיין פרוי שטאַרבט אין האָספּיטאל אין שטאַאַט נויאָרק זאָל די עקספּענסעס פון איבערברייננגען דעם בר־מנן פון האָספּיטאל צו הויזע זיין אויף דעם חשבון פון פעראיין. עס דאַרף אָבער מעהר ווי 5 דאָלאַר ניט באַטרעפען.

3. 100 מיטגליעדער זיינען פאַרפליכטעט צו מלוה זיין דעם מת ביז דעם ברידזש, די חברה קדישא, די מאָנאַטליכע דירעקטאָרען, דער טרעזשורער, די סעקרעטערע, דער האָספּיטעלער דאַרפען דעם מת באַגלייטען אויפ׳ן סעמעטערי.

4. די באַערדיגונג זאָל שטאַטפינדען אין צייט פון 24 שטונדען נאָך די מעלדונג, אום עס זאָל זיין צייט געננג די נויטיגע פאָרבערייטונגען צו מאַכען, די גבאים מיט די מאָנאַטליכע דירעקטאָרען קענען אָפּלייגען די לויה ווען נייטיג איז.

5. אין פאַל אַ מעמבער אָדער זיין פרוי שטאַרבט, און לויט זיין אָדער איהר וואונש אָדער דער וואונש פון דער פאַמיליע ווערט ער אָדער זי באַערדיגט ניט אויף דער סעמעטערי פון דיזען פעראיין זאָל דער פעראיין געבען 2 קערעדזשעס צו די אבלים, 100 ברי־דער מוזען אָבער אַנוועזענד זיין ביי דער לויה לויט פּאַראַגראַף 3 פון דיזען אַרטיקעל.

6. ווען אַ מיטגליעד אָדער זיין פרוי שטאַרבט

אויסער שטאַאַט נויאָרק און דערזועלבער אָדער זיין פאַמיליע ווינשט אויף דער סעמעטערי פון דיזען פער־איין באַערדיגט צו ווערען זאָל דער פעראיין ביז 10 דאָלאר כפענדען אויף עקסטראַ עקספּענסעס די לייכע ביז דער סעמעטערי צו ברייננגען. ווען דער בר־מנן ווערט באַערדיגט דאָרטען וואו ער איז געשטאָרבען דאַרף דער פעראיין ניט מעהר ווי 15 דאלער ביטרא־גען צו די עקספענסעס. דיזער פּונקט באַציהט זיך נור אויף אַ מיטגליד וועלכער האָט א רייזע קאַרטע גע־נומען ליט געזעץ.

7. ווען א גוטשטעהענדער מיטגליד שטאַרבט האָט די אלמנה פון דעם זעלבען, אָדער ווען ער האָט ניט קיין פרוי, די נאָהענסטע יורשים, צו באַקומען (500) פינף הונדערט דאָלאר פון פעראיין און די מיט־גלידער דאַרפען געטעקסט ווערען דורך גלייכע אַסעס־מענטס. די מיטגלידער מוזען איינצאהלען דעם טעקס אין צייט פון 60 טעג פון דעם טאָג וואָס דער טויטען־פאַל איז געמעלדעט געוואָרען. דאָסזעלבע איז אויך ווען א פרוי פון אַ מיטגליד שטאַרבט דאַרף דער מאַן קריגען (500) פינף הונדערט דאָלאר, און די איינצאה־לונגען אין 60 טעג, אַלעס נור דאַן ווען עס איז קיין צואה געבליבען.

8. ווען א מיטגליד און זיין פרוי שטאַרבען צו־זאַמען איינע נאָך די אַנדערע זאָל געהאַנדעלט ווערען

ווי פאָלגט: אויב דער מיטגליד איז געשטאָרבען פריהער זאָלען די יורשים באַקומען ענדאומענט נור פיר דעם פאטער און ווען זיין פרוי איז געשטאָרבען פריהער זאָלען די יורשים באַקומען ענדאומענט פאַר ביידע.

9. ענדאומענט זאָל אויסגעצאָהלט ווערען פונקט צו 90 טעג פון דעם טאָג וואָס דער טויטען־פאַל איז געמעלדעט געוואָרען.

10. אַ מיטגליד וועלכער האָט איין מאָל גענומען ענדאומענט פאַר זיינע א פאַרשטאָרבענע פרוי, קען מעהר קיין קרקע און ענדאומענט קריגען פאר אנדערע פרויען וועלכע ער וועט הייראַטען, סיידען ער וועט איינצאהלען (25) פינף און צוואנציג דאָלאר פאַר אריינגעהמען די פרוי אין פעראיין. זי מוז אָבער דורכ-געהן אַלע געזעצע און אויך זיין אין די עלטער נאָך וועלכע נייע קאַנדידאַטען ווערען אָנגענומען.

11. פון יעדען ענדאומענט זאָל ארונטערגענומען ווערען 25 דאָלאַר פאַר אַ מצבה אויף דעם פאַרשטאָר-בענעמ'ס קבר. דיזע 25 דאָלאר זאָלען די יורשים באַ-קומען צוריק ווען זיי וועלען אליין א מצבה שטעלען אין פאַרלויף פון דעם ערשטען יאָהר צייט.

12. ווען א מיטגליעד אָדער זיין פרוי באַלאַנגען נאָך קיינע 6 מאָנאַטען אין פעראיין זיינען זיי באַרעכ-טיגט נור צו קרקע און ענדאומענט אָבער צו קיינע

אנדערע עקספּענסעס.

13. די אלמנה דאַרף קיין שבעה געלט באַקומען ווי אויך די יתומים פון פאַרשטאָרבענעם מיטגליעד, אויסער ווען די יתומים אליין זיינען מיטגלידער פון דיזע פעראיין.

14. אונפאַרהייראַטע קינדער בעלאַנגען צום פער־איין אויף די רעכטע פון זייערע עלטערען נור צו קרקע און עקספּענסעס: אַ זוהן ביז 21 יאָהר און א טאָכ־טער ביז זי הייראַט.

15. ווען אַ קינד פון אַ מיטגליד שטאַרבט וועל־כער לויט געזעץ באַלאַנגט צום פעראיין איז דער פער־איין פאַרפליכטעט צו געבען אַ באַערדיגונגס פּלאַץ, אַ לייכען־וואָגען און אַלע נייטיגע אויסגאַבען דערצו. די עקספּענסעס זאָלען מעהר ניט באַטרעפען ווי (20) צוואַנציג דאָלאַר. ווען די קינד איז אינגער ווי 6 יאָהר זאָל דער פעראיין געבען אויסער קרקע נור א לייכען וואגען אָדער אַ באָגי און אַנדערע נייטיגע עקספּענסעס אוי; ניט מעהר ווי (10) צעהן דאָלאַר.

16. ווען אַ מיטגליד פערלאַנגט דאָס זיינער אַ פאַרשטאָרבענער קרוב, ביז א קאָזין, זאָל באַערדיגט ווערען אויף די סעמעטערי פון דיזען פעראיין, זאָלען די צאהלונגען פיר קרקע זיין ווי פאָלגט: ווען דער פאַרשטאָרבענער איז אינגער ווי (2) יאָהר איז דער פּרייז 6 דאָלאר, פון 2 ביז 15 יאָהר (10) צעהן דאָלאר,

פון (15) פופצעהן יאָהר ביז 20 יאָהר (20) צוואַנציג דאָלאַר, פון 20 יאָהר און העכער (25) פינף-און-צוואַנ־ציג דאָלאַר. צו קיינע עקספּענסעס זיינען זיי ניט באַרעכטיגט.

17. באַערדיגונגס פּלעצער זאָלען פאַרקויפט ווע־רען צו קרובים נור אויף מאָנטעפיאָרע סעמעטערי פיר די אויבענדערמאָנטע פּרייזען, אָבער די גבאים און די מאַנאַטליכע דירעקטאָרען האָבען דאָס רעכט צו נעמען מעהר ווי די אויבענגענאַנטע פּרייזען, ווען זיי פאַרשטעהען, אַז מען דאַרף און מען קען נעמען. זיי איז אָבער דורכאוים ניט ערלויבט צו נעמען וויי־ניגער ווי די אויבענדערמאָנטע פּרייזען.

18. די יעניגע וועלכע קויפען אַ באַערדיגונגס־פּלאַץ פאַר זייערען אַ פריינד מוזען אויך געבען סע־קיוריטי פאַר אַ מצבה צו שטעלען אויף דעם זעלבען קבר אין קעש ווי פאָלגט: ביז 14 יאָהר 5 דאָלאַר, פון 14 יאָהר און העכער — 15 דאָלאַר. ווען די קרובים שטעלען אַ מצבה, זאָל די אויבענגענאַנטע סע־קיוריטי צו די זעלבע אויסגעצאָהלט ווערען צוריק.

19. צו פרעמדע זאָלען באַערדיגונגס פּלעצער פון דער סעמעטערי פון דיזען פעראיין ניט פאַרקויפט ווערען.

20. צו פאַרקויפען באַערדיגונגס פּלעצער פון די סעמעטערי פון דיזען פעראיין, זאָלען קיין אַנדערע

דאָס רעכט האָבען ווי נור די מאָנאַטליכע דירעקטאָ־
רען, טראָסטיעס, גבאים מיט דעם פינאַנס סעקרעטער
צוזאַמען.

21. דיא אלמנה פון א פערשטארבענעם מעמבער
פון פעריין האט דאס רעכט צו קויפין קרקע פיר זיך
פיר א קבר אויף דער פעראיינס כעמעטערי וואו דער
פעראיין וועט אנצייגען, זיא מוז אבער איינצאהלען
פיר דיא קרקע 25 דאללער און געבען 25 דאללער
סעקיוריטי פיר א מצבה, דער פעראיין צאהלט קיינע
עקספענסעס פיר בעערדיגין דיעזע פרויא, דיא געקויפ־
טע קרקע קען זיא צוא קיין אנדערין אדער אנדערע
ניט איבערגעבען

## ארטיקעל 11.

1. ווען אַ מיטגליעד בריינגט אריין אַ קלאַגע גע־
גען אַן אַנדער מיטגליד, אַז יענער האָט איהם באַ־
ליידיגט ביי אַן אָפּענעם מיטינג אָדער פאַר אַן אַל־
געמיינע באַליידיגונג פאַר דעם פעראיין זאָל די קלאַ־
גע איבערגעגעבען ווערען צו אַ פרידענס קאָמיטע.

2. אַלע קלאַגען מוזען אַריינגעבראַכט ווערען
שריפטליך.

3. די פרידענס קאָמיטע זאָל באַשטעהען פון 9
פערזאָן אַפּאָינטעט פון טשערמאַן און וויס-טשערמאַן
לויט פאַראַגראַף 16, אַרטיקעל 6. דער אָנגעקלאָגטער
ווי אויך דער אָנקלעגער האָבען דאָס רעכט אָפּצואוויי־

זען צוויי פון דער קאָמיטע ביי די ערוועהלונג און דער טשערמאַן זאָל ערוועהלען אַנדערע אויף זייער פּלאַץ.

4. די פרידענס קאָמיטע זאָל אימער האָבען פול פּאָוער אַרויסצוגעבען איהר אורטייל, דער אָנגעקלאָג־טער אָדער דער אָנקלעגער קענען אָבער אַפּעלירען צום פּעראיין, ווען איינער פון זיי איז ניט צופרידען מיט׳ן אורטייל.

5. דער אָנגעקלאָגטער אָדער אָנקלעגער קען נור איין מאָל אַפּעלירען צום פּעראיין אין צייט פון 30 טעג זינט דער אורטייל איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פון די קאָמיטע אום צו נעמען די קלאַגע ווידער צו פאַרהאַנדלען, דער אַפּיעל קען נור דורך אַ מאַיאָרי־טעט שטימען אָנגענומען ווערען.

6. די פרידענס קאָמיטע מוז לאָזען וויסעןביידע צדדים דעם אָנקלעגער און אָנגעקלאָגטען די באַשטימ־טע צייט אין וועלכע די זיצונג ווערט שטאַטפינדען אום זיי צו געבען צייט זיך צו פּאָרברייטען צום פּראָ־צעס. די זעלבע קען אויך עדות צו שטעלען וועלכע זאָלען דורך איינלאַדונגס קאַרטען גערופען ווערען.

7. ווען דער אָנגעקלאָגטער ערשיינט ניט פאַר די קאָמיטע, זאָל ער אַלס שולדיגער ערקלערט ווערען, אויסער ווען ער ברייגנט איבערצייגענדע ענטשולדי־גונג.

8. ביים אָפּשטימען פון די שטראפען מוזען דער אָנגעקלאָגטער און דער אָנקלעגער דעם צימער פאַרלאָזען.

9. אַ שטראפירטער מיטגליעד איז באַרעכטיגט צו אַלע בענעפיטס ווען ער צאָהלט נור פּינקטליך יעדען קוואַרטאַל.

10. ווען אַ טשערמאַן אַליין ווערט פאַרקלאָגט, זאָל דער וויים טשערמאַן די פיהרונג פון מיטינג איבערנעמען, און דער טשערמאַן מוז דעם טשער זאַפאָרט פאַרלאָזען. ווען די קלאַגע ווערט צוריקגעזויזען, זאָל ער ווידער דעם טשער באַשטייגען.

11. ווען אַ מיטגליעד ווערט פאַרקלאָגט, און די קאָמיטע געפינט אויס דאָס דער אָנקלעגער האָט נור אַבזיכטליך געוואָלט אַ בילבול מאַכען אויף דעם אָנגעקלאָגטען אום איהם צו מאַכען צו שאַנדע, זאָל דער קלעגער באַשטראָפט ווערען.

12. אַ קלאַגע געגען אַ דאָקטאָר זאָל ווי אַ קלאַגע געגען אַ בעאַמטען באַהאַנדעלט ווערען.

13. קיין מיטגליעד פון די קאָמיטע טאָר די באַשליסע פון דער קאָמיטע צו קיינעם אַנפערטרויען, זאָנדערען אין געהיים האַלטען ביז די נעכסטע פאַרזאַמלונג פון פעראיין, ווען איינער וועט עס יאָ טאָן זאָל געגען איהם אַ קלאַגע געמאַכט ווערען.

14. דער טשערמאַן האָט קיין רעכט אירגענד

וועלכע קלאַגע צוריק צו ווייזען, נור ער מוז פאַר די פאַרזאַמלונג פאָרלייגען און צו אָפּשטימונג נעמען, אויב די קלאַגע זאָל אָנגענומען ווערען אָדער צוריק געוויזען ווערען.

15. קלאַגעס פאַר פערזענליכע באַליידיגונג, וועלכע האָבען ביים אָפּענעם מיטינג ניט פּאַסירט, ווערען ניט אָנגענומען.

16. ווען אַ מיטגליעד אַטענדעט ניט אַ קראַנקען אָדער שבעה קאָמיטעען זאָל ער מיט פינף און צוואַנציג סענט שטראַפירט ווערען. ווען אָבער ער איבערצייגט דאָס עס איז איהם אוממעגליך געוועזן צו אַטענדען, ווערט ער פון די שטראַפע ענטלאַסען.

17. ווען אַ מיטגליעד ערשיינט ניט צו דער לויה פון אַ פאַרשטאָרבענעם ברודער אָדער אַ פערשטאָרבענע פרוי פון אַ מיטגליעד, נאָכדעם ווי ער איז פון האָספּיטעלער אויפגעפאָדערט געוואָרען זאָל ער מיט איין ($1.00) דאָלאַר שטראַפירט ווערען.

18. די חברה קדישא ווי אויך אַלע בעאַמטע ווען זיי ערשיינען ניט צו אַ לויה, זאָל יעדער מיט צוויי ($2.00) דאָלאַר שטראַפירט ווערען.

19. אַלע אויבענגענאַנטע שטראַפען זאָלען ארונטערגענומען ווערען ווען דער באַשטראָפטער איבערצייגט דאָס דורך געוויסע אָבהאַלטונג איז איהם אוממעגליך געוועזן צו קומען, אָדער צו אַטענדען.

20. ווען אַ מיטגליעד פאַרהאַלט זיך ניט רוהיג ביי אָפּענעם מיטינג און שטערט דאַדורך די רוהע פון די אנוועזענדע, זאָל ער שטראַפירט ווערען פאַר דעם ערשטען מאָל אויף דעם זעלבען מיטינג מ יט 25 סענט פאַר דעם צווייטען מאָל מיט 50 סענט, פאַר דעם דריטען מאָל מיט איין דאָלאַר, און ווען ער באַרויהיגט זיך אויך דאַן ניט, זאָל ער געשטעלט ווערען אונטער אַ קלאַגע און דאָס איבערגעבען צו אַ פרידענס קאָמי-טע און דער זעלבער זאָל מעהר קיין וואָרט ניט האָ-בען אויף דיזען מיטינג. אויך האָט דער מיטינג דאָס רעכט איהם פון לאָקאַל אויסצואווייזען.

21. די אויבענגענאַנטע קלאַגען פון פאַראַגראַף 20 פון זעלבען אַרטיקעל קענען אַרונטער גענומען ווערען, ווען דער אָנגעקלאָגטער איבערצייגט דאָס ער האָט קיינע שלעכטע אַבזיכטען ניט געהאַט מיט זיין אויפפיהרונג, און צוויי דריטעל פון די אנוועזענדע שטימען פאַר זיין באַגנאַדיגונג.

23. אַ מיטגליעד וועלכער ציהט געלד פון דער קאַסע פון פעראיין דורך אַ פאַלשע פרעטענזיע, זאָל באַשטראָפט ווערען מיט כפל ד. ה. ער דאַרף באַצאָה-לען אין קאַסע צוויי מאָל אַזוי פיעל ווי פיעל ער האָט ערהאַלטען.

24. עדות וועלכע זיינען גערופען פון די פרידענס קאָמיטע מוזען ערשיינען, זאָנסט ווערען זיי שטראַ-

פירט מיט 50 סענט יעדער.

25. אַ מיטגליעד וועלכער בייט זיין גלויבען אָדער הייראַטעט אַ פרוי פון אַן אַנדער רעליגיאָן, אָדער ער איז ניט פאַרהייראַטעט מיט זיין פרוי כדת משה וישראל, אָדער ער לאָזט ניט מל זיין זיינע קינדער כדת, זאָל פון פעראיין געשטראָכען ווערען.

26. ווען אַ מיטגליעד מאַכט אַן אונאָרדנונג ביים מיטינג און ער פאַראורזאַכט דאַדורך עקסטרא עקספּענסעס, זאָל דיזע עקספּענסעס צוגעשטעלט ווערען צום ברודערס רעכענונג.

27. אַלע געלד שטראפען מוזען באַצאָהלט ווערען פינקטליך אַזוי ווי דיוס א. ד. גל.

28. ווען דער טרעזשורער, סעקרעטערע, קע־שיערס און אַלע אַנדערע בעאַמטע וועלכע באַזיצען דעם פעראיינס אייגענטום, ווי באַנק בוך, דאָקומענ־טען, רעסיטס, אַגרימענטס א. ד. גל. גיבען ניט איבער צו דער צייט ווען מען פאָדערט פון זיי אָדער זיי גיבען ניט איבער אין גאַנצען ווי פיעל ביי זיי געפינט זיך, זאָלען אונטער אַ קלאַגע געשטעלט ווערען און אַ קאָמיטע זאָל אַפּאָינטעט ווערען צו נעמען שריטע די זאַכען פון זיי אַרויסצוקריגען. ווען די אויבענ־גענאַנטע בעאַמטע פאַראורזאַכען דורך דעם עקסטראַ עקספּענסעס, זאָל עס אויף זייער רעכענונג אַרויף גע־שטעלט ווערען.

29. אַ קאָמיטע וועלכע ווערט אַפּאָינטעט פון טשערמאַן, געלדער אויסצוצאָהלען, מוזען ערפיהלען זייער פליכט זאָנסט ווערען זיי באַשטראָפט.

ארטיקעל 12.

# אונגעוועהנליכע פעלע

1. אין פאַל אַז דער טרעזשורער ערשיינט ניט צו אַ פאַרזאַמלונג פון פעראיין, זאָל די איינגנאַמע פון דיזען מיטינג איבערגעגעבען ווערען צום ערשטען טראָסטי, ער זאָל עס אויף מאָרגען איבער געבען דעם טרעזשורער.

2. מיטגליעדער וועלכע זיינען קיינע בעאַמטע האָבען דאָס רעכט בייצואוואָהנען דירעקטאָרען מי־טינגען. ביי די פאַרהאַנדלונגען פון קאַנדידאַטען מו־זען זיי דעם לאָקאַל פאַרלאָזען.

3. דער פעראיין זאָל קיינע געלדער אויסבאָרגען צו מיטגליעדער אָדער צו פרעמדע.

4. ווען די פאַמיליע אָדער אַ פריינד פון אַ פאַר־שטאָרבענעם מיטגליעד שטעלט ניט קיין מצבה ביז דעם יאָהר־צייט האָט דער פעראיין דאָס רעכט פון די סעקיורירטי אַ מצבה צו שטעלען.

5. ווען עלעקשאָן פאַר בעאַמטע קען ניט שטאַט־פינדען אין די באַשטימטע צייט איבער וועלכע עס איז אורזאַכע, זאָל צו דיזען צוועק אַ ספּעציאַל מיטינג גערופען ווערען ווען די דירעקטאָרען און סעקרעטע־

רע געפינען עס פאַר נויטיג ווען ניט מוז עס פאָרקו-
מען ביים נעכסטען רעגעלען מיטינג.

6. פאַרלאַנגען פון מיטגליעדער צו שיינקען אַ
ברודער דיוס אָדער טעקסעס מוז פון טשערמאַן גלייך
צוריק געוויזען ווערען.

7. ווען אַ מיטגליעד ווערט פאַר'משפט אין קאָורט
פאַ ראירגענד וועלכען פאַרברעכען, האָט דער פער־
איין דאָס רעכט דורך אַן אָפשטימונג פון די מיט־
גליעדער און מיט אַ מעלדונג אויף די נאָטיסעס צו
שטרייכען איהם אַלס ברודער פון דיזען פעראיין.

ארטיקעל 13.

## פאַרשיעדענעס

1. יעדער מיטגליעד זאָל קריגען אַ קאָנסטיטו־
שאָן בוך פאַר אַ פרייז וועלכע דער פעראיין וועט באַ־
שטימען.

2. אַ מיטגליעד וועלכער האָט ניט בייגעוואהנט
דעם לעצטען מיטינג קען קיין אנווענדונג מאַכען גע־
גען דעם פראָטאָקאָל פון לעצטען מיטינג.

3. יעדער ברודער וועלכער וויל שפרעכען פון
פעראיין אנגעלעגענהייטען, מוז פון זיין זיץ אויפ־
שטעהן.

4. אָהן די ערלויבניש פון טשערמאַן זאָל קיינער
דאָס וואָרט האָבען.

5. יעדער פאָרשלאַג מוז פון אַ גוטשטעהענדען

ברודער אונטערשטיצט ווערען. ווען עס ווערט אונ־
טערשטיצט דאַרף דער טשערמאַן דעם פּאָרשלאַג
פאָרלייגען פאַר די ברידער און געבען זיי דאָס רעכט
אויסצושפּרעכען זייערע מיינונגען דאַריבער, נאַכהער
נעמען דעם פּאָרשלאַג צום אָבשטימען.

6. ווען איינער פון די ברידער מאַכט אַן אַמענד־
מענט צום פּאָרשלאַג מוז דער אַמענדמענט אויך אונ־
טערשטיצט ווערען, דער אַמענדמענט קומט צום אָפּ־
שטימונג פריהער ווי דער פּאָרשלאַג.

7. ווען אַ ברודער שפּרעכט טאָר איהם קיינער
ניט אונטערברעכען סיידען: 1) אום איהם צו אָרדער
צו רופען, 2) אום איהם אויפצופאָדערען זיך צום
פונקט צו האַלטען, 3) אום איין מיטפאַרשטענדנים
אויף צו קלערען, אָבער דאָס קען נור דורך דעם טשער־
מאַן אונטערבראָכען ווערען.

8. ווען אַ ברודער ווערט באַליידיגט פון רעדנער,
אָדער דער רעדנער איז אויסער אָרדער און דער
טשערמאַן פאַרשווייגט דאָס, קען דורך דעם טשער-
מאַן אויך אַ ברודער דעם רעדנער אונטערברעכען.

9. ווען איינער מאַכט אַ פּאָרשלאַג צו שליסען
די דעבאַטע, מוז דער טשערמאַן דעם פּאָרשלאַג גלייך
אָננעמען און נעמען צו שטימען, אויב די דעבאַטע
זאָל זיין געשלאָסען. אַ פּאָרשלאַג צו שליסען די דע-
באַטע קען נור מאַכען איינער וואָס האָט דאָס וואָרט

און ווען ער רעדט ניט אַליין וועגען דעם געגענ־
שטאַנד.

10. ווען איינער מאַכט אַ פאָרשלאַג צו שליסען די רעדנער ליסטע, זאָל דעריבער גלייך אָפּגעשטימט ווערען, און ווען אָנגענומען, זאָל דער טשערמאַן מעהר קיינע רעדנערס אויפנעהמען, אָבער די רעדנערס וועל־כע שטעהען אויף דער ליסטע פון פריהער זאָלען זיי־ערע רעדעס האַלטען.

11. ווען איינער מאַכט אַ פאָרשלאַג צו רעקאָנ־סידערען אַ פאָריגען באַשלוס פון זעלבען מיטינג, קען דער באַשלוס ניט רעקאָנסידערט ווערען מיט וויינִי־גער ווי מיט צוויי דריטעל פון די פערזאַמלונג וואָס האָט געשטימט פאַר רעקאָנסידערען זאָל אויף די נאָ־טים צו נעכסטען מיטינג געמעלדעט ווערען צו די ברי־דער דאָס דער און דער באַשלוס איז באַשלאָסען גע־וואָרען צו רעקאָנסידערען, און אַז ער וועט פאַרהאַנ־דעלט ווערען אויף דאָס ניי אויף דיזען מיטינג. איז דער נייער באַשלוס געגנוג מיט אַ געוועהנליכער מאַ־יאָריטעט אָנצונעמען, קיינע באַשליסע קענען צוריק גערופען ווערען אין דעם זעלבען אבענד ווען זיי זיי־נען געפאַסט געוואָרען.

12. ווען דער טשערמאַן נעמט אַוועק ביי אַ ברו־דער דאָס רעכט צו שפּרעכען, קען דער ברודער פאָ־דערען זיין רעכט צו שפּרעכען פון וויים טשערמאַן

און דער ווייס טשערמאַן זאָל פאָרנעמען דעם ברו־
דערס פאָרשלאַג, אָדער אַמענדמענט און ערקלערען
עס צו די ברידער, און צו נעמען עס צום אָפּשטימען
אויב דער ברודער זאָל שפּרעכען איבער דעם געגענ־
שטאנד.

13. אַלע שטראָפען מוזען אומבעדינגט פּראָקלאַ־
מירט ווערען און ביים נעכסטען מיטינג עס פאָרלעזען.

14. ווען אירגענד וועלכע פּונקטען פון די קאָנ־
סטיטושאָן ווירד פון די ברידער געפונען ווערען פאַר
נויטיג צו ענדערען, מוז אַ ספּעציאל מיטינג פאַר די־
זען צוועק גערופען ווערען, און ווען דער ספּעציאַל
מיטינג נעמט עס אָן, דאַן מוז עס געשטעלט ווערען
אויף די נאָטיסעס פון נעקסטען מיטינג, און דאַן מוז
עס באַשטעטיגט ווערען מיט צוויי דריטעל מאַיאָ־
ריטעט פון די אנוועזענדע איידער עס קען ווערען אַ
געזעץ.

15. אַלע פראַגען וועגען פּאַרלאַמענטאַרישע רע־
געלען וועלכע זיינען אין דיזען אַרטיקעל ניטאָ, זאָלען
נאָך קושינגס האַנד־בוך איבער פּאַרלאַמענטאַרישע
רולס געהאַנדעלט ווערען.

# קאָנסטיטושאָן קאָמיטע

יוסף לעדער

סעם האטאוו

ראובן פיין

הערי קאַפּלאַן

נייטען זווירין

הערי טשערטאָוו

הערי סיגעל

שלמה לעווענסאָן

וואָלף סיגער

הערמאַן ציווין

דר. פּאול דייוויד

אברהם אַדלער

איסר רודערמאַן, סעקרעטער.

---